# מיינע לידער
## זיינען ניט צום זינגען

פון

יעקב טשעכאַנאָווסקי



ניו יאָרק, 1928

# אינהאַלט





# ס׳האָט אַ בייזעם מזל !...

ס׳האָט אַ בייזעם מזל,
מיך פון מיין היים צושייד,
מיך, פון מיין וויג פערוואָרפען —
אין אַ פרעמד, ווייטעם לאַנד.

געבליבען איז מיר דאָרט,
מיין קינדהייט׳ס שענסטעם פרייד.
און דאָ, פאַרפאָלגט מיך — קומער,
— דונקעל שוואַרצעם שאַנד.

איך מוז בויגען, דאָ, מיין רוקען,
פיר אַ פרעמד, קאַלטעם לאַנד —
בייגען און זיך בוקען —
וואס מיין הערץ פעראַכט — און שעלט.

און קיינער וויל ניט וויסען,
מיך קיינער ניט פערשטיין —
ווי ס׳וואָלט די וועלט, אַ מדבר
די וועלט אַ תפיסה זיין.



## לאָז אין דיין שוים מיך

לאָז, אין דיין שוים מיך, געליבסטע מיין לעבען,
פערשפּילען דעם קומער פון לעבען דעם פּיין,
לאָז מיך אַ חלום, אַ ליבעם טרוים וועבען —
לאָז מיך אַ מלאך אַ טרוימישער זיין.

לאָז אויף דיין ברוסט, ענטשלאָפען מיך ווערען,
וויג מיך איין, מיט דיין ליב, הערצענדעם ליד,
כ׳וויל גאָר ניט וויסען, פון די וועלט, מעהר ניט הערען.
ס׳האָט דאָס לעבען, ערשלאָגען, מיך געמאַכט אַזוי מיד.

 

## מזל טוב!

מזל טוב! אייך פרילינגס טאָגען,
איך בעגרים אייער רויזען בלומען קראַנץ,
איך פיהל ניט מעהר קיין זאָרגען, פלאַגען,
מיך שיכור׳ט איין דיין פרילינגס גלאַנץ.

מיר געפעלט די וועלט, יעצט, גאַנץ, אין גאַנצען
איך וואָלט יעצט וועלען, שיכור זיין,
כ׳וואָלט וועלען זינגען, שפּרינגען, טאַנצען
— אין פרילינג, ווער קען דען טרויריג זיין?

ווען פרייהייטס גלאָקען, וועקען, קלינגען,
די וועלט ווי אַ ליבעס קינד ערוואַכט —
טייבעלאַך קוואָקען, פייגעלאַך זינגען —
ווער קען פערטרויערט דען זיין, — פערטראַכט.

ווען ס׳קומט אַ מיידעל, דיר ענטקעגען,
שענקט דיר אַ מילדען זאַנפטען, בליק,
ווי קענסטו שטעלען זיך ענטקעגען?
פערדאַרבען דיין אייגען הערצענס גליק...



## קינדער יאָהרען

קינדער יאָהרען, שעהנע יאָהרען,
וואָס זייט איהר, שנעל אַזוי אוועק,
איך בין אָהן אייך אַזוי פערלוירען —
אין אַ דונקעל, קרומען וועג.

וואָס געלאָזט, האָט איהר מיך אין מיטען,
— אין צווישען וועג.
ס'זאָל גאָט, בעשערמען, מיך פערהיטען,
מיך צו פיהרען — צו אַ גלייכען ברעג.



## איך ווייס ניט ...

איך ווייס ניט, צי דאָס איז די ליבע
צי דער שאטען — פון די נאַכט —
וואָס האָט אַזוי פערבענקט מיין זעלע,
מיך, בעטריבט אַזוי געמאַכט.

איך ווייס ניט, צי דאָס איז דער שטערן,
וואָס שיינט דורך דעם פענסטערל — צו מיר אריין
אָדער זאָל דאָס בלויז, אַ כישוף,
בלויז, אַ צויבער זיין.

ס'האָט אַ בענקשאַפט מיך געפאַנגען,
האַלט מיך ווי געשמיד
זינג איך צו דער נאַכט, פיעל באַנגען,
זינג איך — אַ ליבעס ליד.

קומען רייטער אָן צו רייטען,
אין דער שטילקייט פון די נאַכט —
דאַכט זיך גאָר, דאָס איז אַ חלום —
וואָס דו ליבע, — האָט געמאַכט
— — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — —



## ניט זאָרג מיין פריינד

ניט זאָרג מיין פריינד, וואָס וועט זיין מאָרגען
ווען ס׳שטראַלט פיר דיר דער היינט,
ס׳ליגט טיעף די צוקונפט — ווייט פערבאָרגען
געגען די געגענוואַרט — מיין פריינט.

קוויק זיך מיט דעם ווייַן דעם זיסען,
וואָס דער לעבענס בעכער, האָט דיר צוגעגרייט,
— מאָרגען, וועט דאָס דיך פערדריסען —
וואָס דעם היינט — דו האָסט פערזאַמט.



## פייגעלאך שײנינקע

פייגעלאך שײנינקע,
נשמה׳לאך רײנינקע,
אויך פאר אײך קײן פרײהײט
ניט דא אויף דער וועלט.

מען צילט אין אײערע פליגעלאך,
מען שליסט אײך אין שטײגעלאך,
מען פערקויפט אײער פרײהײט —
אײער לעבען פאר געלד.

רײסט איהר די דרעטעלאך,
ווילט ברעכען די ווענטעלאך,
פליהען פון די שטײגעלאך,
העט — ווײט — אזוי ווײט.

איז אַזוי שטאַרק די דרעטעלאַך,
קענט איהר ניט ברעכען די ווענטעלאַך,
בלייבט איהר אין די שטייגעלאַך,
געשלאָסענערהייט.

טרעלעט איהר לידעלאַך
אַרויס פון די שטייגעלאַך,
קוקען אייערע אייגעלאַך, —
אַזוי אומעטיג אויס.

וויל איך ברעכען אייערע שטייגעלאַך,
אייך פריי מאַכען, פייגעלאַך,
פליהען אייך לאָזען —
פון די תפיסה׳לאַך אַרויס.



## שפּיל מיין פידעל

שפּיל מיין פידעל,
אַ פריילאַך לידעל,
שפּיל פון פרייד, פון לוסט,
שפּיל פון וויין, פון פרויען חן,
שפּיל, וואָס מיין האַרץ גלוסט.

דיינע סטרונעס זאָלען,
אויפהערען מיך צו גראָלען;
מיט טרויער טענער אַזוי פיעל,
ס'איז מיר שווער,
איך קען ניט מעהר,
הערען מעהר, דיין
טרויער שפּיל.



## מיין צוואה

שטאַרב איך ווען, אַמאָל מיין פריינד,
בעפרייט דער טויט מיך פון לעבענס לייד.
באגראָב מיך, אונטער אַ באַרג, אַ טאָל,
ווייט, פון מענשען — ווייט.

אָדער וואַרף מיך גאָר אין ים אריין,
טיעף, צום מעערס גרונד,
ס׳זאָל טיף מיין קבר פערבאָרגען זיין —
— טיף, ווי מיין לעבענס וואונד...



## וואָס דאָס לעבען איז

וואָס דאָס לעבען איז, דאָס ווייס איך ניט,
כ׳קען ניט פאַרטשיין וועלט — דיין זינען...
שלעף איך אַרום זיך אַזוי פערטראַכט,
זאָגען מענשען: — כ׳בין אַראָפּ פון זינען.

וואָס ליבע איז, דאָס ווייס איך ניט,
כ׳קען ניט פאַרטשיין דעם ליבעס זינען —
שלעף איך אַרום זיך אַזוי פערטראַכט,
זאָגען מענשען: — כ׳בין אַראָפּ פון זינען.

וואָס שכל איז אַזוינס, דאָס ווייס איך ניט,
כ׳קען חכמה ניט פאַרשטיין דיין זינען,
שלעף איך אַרום זיך אַזוי פערטראַכט,
זאָגען מענשען: — כ׳בין אַראָפּ פון זינען.

וואָס גליק איז אַזוינס, ווייס איך ניט,
כ׳קען מזל ניט פאַרשטיין דיין זינען,
שלעף איך אַרום זיך אַזוי פערטראַכט,
זאָגען מענשען: — כ׳בין אַראָפּ פון זינען.

און, וואָס גאָטהייט איז — דאָס ווייס איך ניט,
כ׳קען ניט פאַרשטיין, גאָט דיין זינען...
שלעף איך אַרום זיך אַזוי פערטראַכט,
זאָגען מענשען: — כ׳בין אַראָפּ פון זינען.



## מיין תפילה

אין דער נאַכט, די שטילע,
היל איך זיך אין שאָטען איין,
קלאָגט זיך שטיל מיין הערץ אַ תפילה —
די נאַכט — זי הערט זיך איין.

ס׳קען די נאַכט זיך אָפט איינהערען —
צו אַ פערשמאַכט, פערבענקטעס הערץ,
פליסט אין פיעלע פרומע טרערען —
צו דער נאַכט, מיין זעלען שמערץ.



## דו קענסט פון מיר אַוועק געהן

געווידמעט מיין קעצעלע
הילדושקא שווארץ

דו קענסט פון מיר אוועק געהן,
איך וועל גאַנץ רוהיג בלייבען.
אין וועלדעל, וועל איך געהן,
צו די שטערען — וועל איך ריידען.

און ווען מיין הערץ צו דיר,
וועט שטאַרק געליבסטע בענקען —
וועט היילען מיר — דעם שמערץ
דער הימעל — טרייסט מיר שענקען.



## ניט לאַנג האָט די זון די ערד געקוסט

געווידמעט מיין קעצעלע
הילדושקא שוואַרץ

ניט לאַנג האָט די זון,
די ערד געקושט.
די ערד, געשטראַלט
האָט אין גאַנצען.

דער וואַלד געוועזען,
פערצויבערט פערפוצט,
געדופטעט פון
בלומען און קראַנצען

ניט לאַנג האָט מיין האַרפע,
געקלונגען אַ ליד —
און ס׳האָט מיין געליעבסטע,
געפרייט זיך.

ווי אַלעם פערוויעט,
פערוועלקט, און פערבליהט,
ווען וואָלקען — שוואַרצע
פערשפרייט זיך.



## אָפּט בעפאַלט אַ בענקשאַפט מיך

אָפּט בעפאַלט אַ בענקשאַפט מיך,
ס׳נעמט אַרום מיך, אַזוי איין באַנגען ...
אָפּט בלייב אַליין — פערלאָזען איך
— אין איינזאַמקייט געפאַנגען.

ווי ס׳וואָלט די וועלט, אַ תפיסה זיין,
וואָס האַלט מיך שטאַרק געפאַנגען.
קלאָגט שטיל — דאָס הערץ, די זעלע מיין
אין מיין איינזאַמס באַנגען.



## אַט אַזוי מיך לאָז געליבסטע

אָט אַזוי, מיך לאָז געליעבסטע,
דיר קוקען טיף אין די אויגען אַריין —
ס׳איז אַ סוד, געליבסטע מיינע —
אָט אַזוי, לאָז מיך קוקען אין די אויגען אריין.

— וואָס איך זעה אין דיינע אויגען?
דו ווילסט דאָס וויסען געליבסטע מיין
ס׳איז אַ סוד געליעבסטע מיינע
איך וויל דעם סוד אליין דערגעהן.

לאָז מיך קוקען אין דיינע אויגען,
שעהנער מלאך הימליש קינד
— דיינע אויגען איז אַ שפיגעל
איך זעה, געליבסטע, דאָרט מיין זינד.



## וואַנדער איך אַרום

וואַנדער איך אַרום, אויף טויזענד קרומע וועגען,
ווייל איך קען קיין וועג — קיין גלייכען ניט געפינען.
דין איך טויזענד געטער, — טויזענד פאַלשע גלויבענס —
ווייל איך קען ניט דעם גאָט, דעם אמת׳ן, געפינען.

בעט איך טויזענד תפילות, הונדערט טויזענד תפילות
פאַלען זיי אויף פעלזען — אויף פעלזען האַרטע שטיינער,
קלאָג איך טויזענד לידער, טויזענד ליבעם לידער —
הערט, דער ווינט זיי בלויז,—דער ווינט און איך בלויז איינער.



## זעלבסט מאָרד

און ווען דער וואנזין, וועט מיך טרעפען,
מיר געבען אַ קלאַפּ, אין קאָפּ אַריין,
ס׳וועט דער סם פון לעבענס בעכער,
איבערגעפילט גאָר שוין זיין...

וועל איך דעם שטריק, דעם שטאַרקען נעהמען,
וואָס פאַר דעם לעצטען גראָשען כ׳האָב געקויפט
כ׳וועל אַזוי פאַר׳גנב׳ענען זיך,
צו די שדים — אויף דעם בוידעם אַרויף.

כ׳וועל אַזוי אַרום זיך קוקען,
זוכען שפּירען — פרעמדע טריט...
וועט אַ שד מיר איבער די פּלייצע קלאַפּען —
„מענש״ — האָסט מזל קיינער זעהט דיך ניט.

װעל איך דעם שטריק, דעם שטאַרקען נעהמען —
װאָס פאַר דעם לעצטען גראָשען, — כ'האָב געקױפט,
װעל אַזױ אַ שלײדער טוען —
אױף דעם סלופּ אַרױף.

װעט װער דעם שטריק, אַרום מ'יר דרײען —
איבער מײן קאָפּ, אַרום מײן האַלז —
אַ קאַראַזעל — װעט אַרום זיך דרײען
די פּים אַ װילדען װאַלץ . . .

װעל טאַנצענדיג איך בלײבען הענגען,
הענגען לאַכענדיג — לאַכען פּחד'יג, אַזױ שטאַר,
און ס'װעט אַ שד, אױך די בשורה ברענגען...
און תמיד שרעקען, — װעט איהר זיך דערפאַר — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — —



## לעבען, לעבען!

לעבען, לעבען, אַך דו לעבען,
אונענדליך גרויסע עבינקייט.
וויפיעל האָפען? וויפיעל שטרעבען?
וויפיעל שמערץ — און וויפיעל לייד?

וויפיעל פריידען, מענשענס גליקען —
קינדער גליקען — אַזוי לויטער און ריין —
האָסטו שוין געטאָהן ערשטיקען?
— און ווייטער! אַך — וואָס וועט נאָך זיין?

שוין איז ערשטיקט דאָס שעהנסטע באַנגען
אפילו דער פויגעל מיט מורא זינגט,
אויך מיין האַרפעס, שעהנסטע קלאַנגען
מיט טרויער טענער איז דורך געדרינגט.



## איך הער אַ ליד

איך הער אַ ליד פון נאָענט, פון ווייטען,
אַ האָפנונג, ליבעס פרייהייט׳ס ליד.
נאָך גאָר אין די גראָע אור אַלטע צייטען — האָט אַ
קינדער הערץ, דאָס ליד געשמיד.

דאָס איז דאָס ליד, פון גליק, פון פרידען —
פון קינדער ליבע, — מענשען רעכט,
מעג מען תפיסות בויען, קייטען שמידן
מעגען הערשער זיין — און קנעכט.

מעגען שוואַרצע וואָלקען שפּרייטען,
פערשטעלען, דעם בלויען הימעלם צעלט —
הער איך אַ ליד, פון נאָענט, פון ווייטען
דאָס ליד — די בעפרייטע — גערעכטע וועלט.



## וואַנדער ביינאַכט איך אַרום

וואַנדער ביינאַכט איך אַרום,
האָפנונגסלאָז אָהן בטחון,
ווייס איך ניט וואָס, ווייס איך ניט ווען,
ווייס איך ניט וואָס טהו איך זוכען...

געה איך גאסען פערביי,
בריקען, שטיינערנע מויערען
איז אַלעס פערשלאָפען אַרום,
פערקלאפּט טירען, און טויערען.

פערקלאָפּט טירען און טויערען, —
אַרום ליגט פערשלאָפען די נאַכט
וואַנדער אַזוי איך אַרום
וואַנדער אַרום איך — פערטראַכט.

קוקען די שטערענדלעך, אַרונטער פון הימעל,
געהט נאָך מיר, די לבנה, אַ יעדערן טריט...
ווערט נאָענט — אַזוי מיר, דער הימעל, די שטערען,
— דאַכט זיך, די לבנה, — פיהלט וואָס, מיט מיר מיט.



## צו אַ פּעסימיסטישען פריינד

גלויב אין חושך ניט, מיין פריינד,
חושך איז אַ טויטעס לעבען.
ס'וואָלט העל געשטראַלט די וועלט געשיינט,
ווען צום ליכט, מיר וואָלטען שטרעבען.

און ליכט פערמאָגט, אַזוי פיעל די וועלט,
ס'האָט גאָט געבויט, פון ליכט דעם הימעל.
ס'איז בלויז פערשטעלט — פאַר די פערשטעלט,
וואָס פערשלאָפען זענען, — אין חושך'ס דרימעל...

גלויב אין חושך ניט מיין פריינד,
חושך איז אַ טויטער לעבען —
ס'וואָלט העל געשטראַלט — די וועלט געשיינט,
ווען צום ליכט, — וואָלסט מענש נאָר שטרעבען.



## קום, דו ליבעם שיינעם מיידעל

קום, דו ליבעם שיינעם מיידעל,
די אויגען מיינע מאַך זיי צו,
ס'וויל די נאכט, קיין שלאָף מיר געבען,
ניט מיר שענקען אַ ביסעל רוה.

קום דאָך — קום שוין ליבעם מיידעל,
די אויגען מיינע שלים זיי צו,
דאַן קענסטו ווידער זיך אַוועק געהן,
שענק מיר, שענק — אַביסעל רוה.

קום שוין, ליבעם שיינע מיידעל,
אַ נאַכט מלאך כאָטש, דו מיינע זיי —
און ווען ביימאָג — אַזוי פיעל דו פלאגסט מיך,
ביינאַכט — כאָטש ליבסטע, לאָז מיך פריי...



## אָפּט דאַכט זיך מיר

אָפּט, דאַכט זיך מיר, —
איך בין אַ שטערען,
אַרונטער געפאַלען,
דאָ — אויף דער ערד.

איז פינסטער אַזוי,
דאָס מזל פון אַ שטערן —
צו שוועבען דאָ, —
אויף די ערד.

איז פינסטער אַזוי,
דאָס מזל, פון אַ טשערען.
איז פון הימעל, מסתמא —
דאָס אַזוי באַשערט.

ס'זאָל אַ שטערען, אויף די ערד —
אַרום וואַנדערען
איז פון הימעל — אודאי
דאָס אַזוי באַשערט — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — —



# דרוק פעהלערען

זייט 17 שורה 2 און שורה 6 אנשטאט „פאַרטשיין“ דאַרף זיין „פאַרשטייך“
זייט 25 שורה 11 אנשטאט „אויך“ דאַרף זיין „אייך“
זייט 31 שורה 10 אנשטאט „טשערען“ דאַרף זיין „שטערען“
זייט 23 שורה 4 אין איינינע ביכלעך איז אַריינגעפאַלען אַן איבריגער
וואָרט „ניט“. די שורה דאַרף זיך לעזען אַזוי:
„ווייל איך קען דעם גאָט, דעם אמת'ן, געפינען“.



אַריאָם פרעס, 54 קאַנאַל סטריט, ניו יאָרק, נ. י.